# רחלס לידער

יידיש פון ז. ר.

„יחד“
בשותפותדיקע אויסגאַבע פון די יוגנט־באַוועגונגען
פון אַרבעטנדן ארץ־ישראל
(דרור, הנוער הבורוכובי, הנוער הציוני, השומר הצעיר, גותם)
מינכען
תש“ח.

די לידער זיינען געדרוקט לויט דער אויסגאַבע פון דער פּיאָנערן
פרויען אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע און קאַנאַדע (1932).

די הקדמה איז אַ פאַרקירצונג פון ברכה חבס׳ העפט „רחל“
אַרויסגעגעבן דורכן מרכז לנוער פון דער הסתדרות העובדים
אין ארץ־ישראל (תרצ״ט).



רחל (בלאָוושטיין)

כ״ד אלול תר״ן — כ״ט ניסן תרצ״א

20 סעפּטעמבער 1890 — 16 אַפּריל 1931

ח. נ. ביאַליק

# וועגן רחל

אַ גרויסע אבדה פאַר דער העברעאישער ליטעראַטור אין ארץ־ישראל איז דער פריצייטיקער טויט פון איינער פון דעם נייעם כאָר, מקהלת־מרים, איך וואָלט געזאָגט איינע פון מרימס טעכטער — די יונגע העברעאישע דיכטערינס, וואָס זיינען אונדז אויפגעוואקסן גאָר אין די לעצטע יאָרן.

— — — אירע ווייסע לידער־בלומען וועלן אייביק לויכטן בשכנות פון ענלעכע בלומען־גערטלעך אין אונדזער ליטעראַטור פון דיכטער, וואָס זיינען יונג געשטאָרבן.

— — — זאָל איר אָנדענק געבענטשט זיין אויף אייביק.

# רחל (בלאָוושטיין)

אויפן ברעג פון כנרת איז אַ בערגל פאַראַן. נישט גרויס, איינזאַם, ווילד. פול מיט דערנער זומער, פאַרפלייצט מיט בלומען ווינטער. אַרומגערינגלט מיט אָלעאַנדר און ברייטע פאַלמען־דלאָניעס, הויבט זיך דאָס בערגל אַנטקעגן דעם בלויעם וואַסער. קעגנאיבער די קייט פון די גולן בערג און דער זיידע־חרמון — אין ווייטן האָריזאָנט.

— — וואַקסט זיך אויפן ברעג דאָרט אַ קליין טייטל־בוים,
ווי אַ חדר־יינגל מיט געקרויזטע האָר,
וואָס האָט זיך פאַרגנבעט באָדן זיך געהיים.
שווענקט ער איצט אין וואַסער זיינע קנעכלעך נאָר.

ווימלט עס פון בלומען אויפן קעראַק ווינטער.
פון דעם מאָן די רויטקייט און פון שאַפראַן־געל.
ס'טרעפט — און ס'ווערט זיין גרינקייט זיבנפאַך צעגרינטער
זיבציקפאַך העלבלויער ס'הימל־בלוי־און־העל.

קומסט אַהין און ווייסט נישט: וואָר אָ־ער חלום? שיפלעך מיט ווייסע זעגלען, אַ פישער שפּרייט זיין נעץ, קולות פון ים־פייגל שניידן דורך די שטילקייט. אַ סטאַדע ציגן פאַשעט זיך געמיטלעך, אַ פאַסטוך שפּילט אויף זיין פייפל, אַ פויער שפּאַנט נאָכן אַקער. און בלויער הימל איבער זיי.

און דו זאָגסט צו זיך אַליין: מיר האָבן אַזעלכע ווינקעלעך אין לאַנד — און איך האָב נישט געוווּסט?

דאָס איז דער קעראַק פאַרזייט מיט מצבות: קברים פון שומרים, חלוצים און חלוצות פון מיט אַ יאָר צוריק און צוויי

יאָר, און צען, און צוואנציק. זין און טעכטער פון פאָלק ישראל, וואָס האָבן געוואַגט און געקומען פון אַלע עקן גלות. געקומען און געזאָגט: דאָ וועלן מיר זיך בויען אַ פאָטערלאַנד! — און געפאַלן. פון קדחת פון שווערער אַרבעט, פון אַ פיינטלעכער קויל.

קען מען דען פאַרבייגיין דעם בערגל און נישט אָפּשטעלן זיך ביי די קברים אויפן קעראַק?

ל׳ ניסן תרצ״א (1931) איז דאָ צוגעקומען אַ נייער קבר. אויפן ווייסן מאַרמאָר־שטיין איז אויסגעקריצט: ר ח ל. דאָס איז די דיכטערין ר ח ל  ב ל אָ ו ו ש ט י י ן (סלע).

מיט ווייטיק און טרויער האָבן קרובים און פריינט זי באַגלייט ביז צום קבר אויפן קעראַק אַנטקעגן דער שיינער כנרת, נאָך וועלכער זי האָט יאָרן לאַנג געבענקט און אַזוי שיין זי באַזונגען:

אויב באַשערט האָט מ׳ר דער גורל
לעבן ווייט פון דיין געצעלט,
לאָז, כנרת, לאָז מיך רוען.
אויף דיין בית־הקברות־פעלד.

---

געבאָרן דעם 20 סעפטעמבער 1890. אין דער רוסישער שטאָט וויאַטקאַ. ביי אירע עלטערן — אַ טראַדיציאָנעלע יידישע הויז. רחל איז פאַריתומט געוואָרן פון איר מוטער — אַ בת רב און אַ צדקת — נאָך אַלס קינד. איר ערשטע שול איז אין פאָלטאַווע, וווהין אירע עלטערן זיינען אַריבערגעפאָרן, אַ יידישע פאָלקס־שולע אונטער דער לייטונג פון א. מ. באָרכאָוו, דעם פאָטער פון בער באָרכאָוו. אין פאָלטאַווע האָט זי אויך געענדיקט די רוסישע גימנאַזיע. נאָך פון קינדווייז אָן איז זי געווען באַגאַבט. זי האָט ליב געהאַט צו לייענען. צו 15 יאָר האָט זי שוין אָנגעהויבן שרייבן לידער אין רוסיש.

אין יענע טעג איז דערגאַנגען צו איר אַן אָפּקלאַנג פון ארץ־ישראל. דער עלטסטער ברודער האָט געבראַכט אַהיים די בשורה

פון ציוניזם. נאָר דאָס איז געווען אַ ווייטער אומקלאָרערווידערקול.

רחל האָט זייער ליב געהאַט צו צייכענען, און אירע לערערס האָבן פאַר איר פאָרויסגעזען אַ גרויסע צוקונפט. נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע איז זי אַוועקגעפאָרן קיין קיעוו לערנען אין אַ קונסט־שול.

אין יאָר 1909 איז זי מיט איר שוועסטער, אַ פּיאַניסטן, געקומען אין ארץ־ישראל, אין דער קאָלאָניע רחובות. אויך דאַן איז זי געווען איבערגעגעבן נאָר דער מאַלעריי: מאָלן און שפּילן, אויסדריקן די געפילן אין פאַרב און קלאַנג — דעם וועג האָבן זיך פאָרגעשטעלט ביידע שוועסטער. און רחל איז דאַן 19 יאָר אַלט שפּרודלט מיט פרייד, פריש, ציט צו די אויפמערקזאַמקייט פון אַלעמען מיט איר פריילעכקייט, חן און אירע קלוגע דורכדרינגענדע אויגן.

אַ טיפער געפיל פון דבקות האָט באַגלייט רחל פון אירע ערשטע טריט אויף דער ארץ־ישראלדיקער ערד, דבקות צום לאַנד, צו די פעלדער, צו די בערג, צום הימל וואָס איבער זיי, צו די מענטשן, צו די קינדער וואָס ריידן אין דער שפּראַך פון תנ״ך.

ס׳איז איר דאַן אויף דעם געדאַנק נישט געקומען, אַז ס׳וועלן קומען טעג און זי, די רוסישע, די פרעמדע, וועט דעראָבערן די העברעאישע שפּראַך, באַהערשן אַלע אירע אוצרות און קענען אויסדריקן אין איר יעדן געפיל און געדאַנק, פּשוט און קלאָר, אין טענער צאַרטע און שטאַרקע, ווי נאָר גאָר ווייניקע קענען.

לאַנגע מאָנאַטן האָט רחל געשוויגן. געוואָלט זיך אָפּזאָגן פון רוסיש, און העברעאיש נישט געקענט. באַזוכט דעם קינדער־גאָרטן כדי צו הערן די שפּראַך פון די קינדער. זי האָט זיך אַריינגעטאָן אין תנ״ך, וואָס איז פון דאַן געוואָרן איר באַליבטסטער בוך. שווער איז איר געווען זיך אָפּרייסן פון פלוצלונג פון דער שפּראַך פון אירע קינדער־יאָרן, מיט וועלכער זי איז געווען פאַרבונדן מיט טויזנטער פעדים און וועלכע זי האָט אַזוי טיף באַהערשט. דאָס איז געווען דער גורל פון אַ סך פון דער צווייטער עליה:

אָפּגעריסן צו ווערן פון זייער שפּראַך, פון דער ליטעראַטור, אויף וועלכער זיי האָבן זיך דערצויגן, און זיך איבערגעבן צו אַ וויסט און הויל לאַנד וואָס איר העברעאישע אומגאַנגס־שפּראַך איז דאַן געווען אַזוי אָרעם. רחל האָט גענומען אויף זיך דעם דין מיט ליבשאַפט. עס האָבן זי געפּאַנגען די שפּראַך, דאָס לאַנד, די אַרבעט. די געדאַנקען וועגן מאָלן און שפּילן זײַנען פאַרטריבן געוואָרן. ניין! אין ארץ ישראל דאַרף מען אַרבעטן, אַרבעטן אויף דער ערד, אַקערן, זייען, פלאַנצן. אין יענע טעג האָט מען אָפט געהערט פון רחל: „שפּילן מיט אַ מאָטיקע און צייכענען אויף דער ערד". אַזוי האָט זי אויסגעדריקט אין איר שפּראַך דעם געדאַנק פון באַנייונג דורך אַרבעט.

אין יענע טעג האָט רחל באַשלאָסן פון דאָס ניי געבוירן ווערן אין דער אַרבעט.

נאָך אין רחובות האָט זי געאַרבעט אין פּרדס און דערנאָך איז זי אַוועק אין כנרת, צו דער ערשטער מיידל־פערמע. די טעג אין כנרת זײַנען געווען די בעסטע טעג אין רחלס לעבן. אירע טייערסטע זכרונות, וואָס האָבן זיך פאַרהיט אין אירע לידער, שטאַמען פון יענע טעג.

זי האָט געטרונקען פון אַרבעטס־קוואַל און פון גייסטיקן לעבן פון דער קליינער יונגער אַרבעטער־משפּחה.

זי האָט ניט גערעדט קיין הייכע דיבורים.

איך האָב דיך, לאַנד מיינס, ניט באַזונגען
און דיין נאָמען ניט באַשיינט.
מיט קיין גבורות און נצחונות
דיינע שלאַכטן ניט געקרוינט;
בלויז אַ בוים, מיין האַנט געפלאַנצט האָט
אויפן ירדנס שטילן ברעג,
בלויז אין פעלדער אויסגעטראָטן
האָט מיין פוס אַ שמאָלן שטעג.

די געשטאַלט פון א. ד. גאָרדאָן און זיינע געדאַנקען האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף איר.

אין יאָר 1913 איז רחל געפאָרן אין פראַנקרייך, טולוז, שטודירן אַגראָנאָמיע. אין לאַנד זיינען דאַן געווען ווייניק מענטשן מיט דערפאַרונג און וויסן אין לאַנד־אַרבעט.

אינצווישן איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און רחל איז אָפּגעריסן געוואָרן פון לאַנד. זי האָט געענדיקט אַגראָנאָמיע און נישט קענענדיק זיך צוריקקערן אין ארץ־ישראל איז זי געפאָרן קיין רוסלאַנד. דאָרט איז זי געוואָרן אַ לערערין פאַר יידישע פּליטים־קינדער.

יענע יאָרן זיינען דער אָנהויב פון איר שאַפן. איבערזעצט פאַר יידישע זאַמל־ביכער אין דער רוסישער שפּראַך לידער פון העברעאישע דיכטער און אויך געשריבן איינדרוקן וועגן איר לעבן אין כנרת.

רחל האָט געבענקט נאָך כנרת און מיט דער ערשטער שיף נאָך דער מלחמה איז זי, אין יאָר 1919, צוריקגעקומען אין לאַנד. נאָר זי איז שוין מער נישט געווען די זעלבע רחל, וועגן וועלכער זי אַליין האָט געזונגען:

אַמאָל איז געווען אַ מיידל אַ בריאה,
געאיילט נאָכן אַקער, די האַנט פול מיט זריעה...

אָבער איצט:

נישטאָ שוין די צייטן. די וועגן צום פעלד
האָט דער גורל אויף אייביק, אויף אייביק, פאַרשטעלט.

די שווערע באַדינגונגען, דער הונגער האָבן צעשטערט איר געזונט. זי איז צוריקגעקומען אין עמק־הירדן, אין דגניה, נאָר נישט געקענט דאָרטן פאַרבלייבן. זי האָט געמוזט זיך אָפּזאָגן פון פון איר יוגנט־טרוים — אַרבעטן אין פעלד.

נישט לייכט האָט זי שלום געמאַכט מיט דעם שטאָטישן לעבן. שטאַרק איז איר צוגעבונדנקייט צו דער נאַטור און אַלע אירע אַנטפּלעקונגען.

זי קלאַמערט זיך אָן יעדן טראָפּן פון טרייסט, אָבער טעג און נעכט איז זי צוגעבונדן צו איר בעט, אין שרעק פון גרויסער איינזאַמקייט. און דאָך ווייס זי אויך אַ שאַרפן סאַרקאַזם און אַ גוטמוטיקן הומאָר.

זי טוט זיך אַריין אין ביכער, לייענט און לערנט. אַלץ וויל זי וויסן. באַגלייט מיט אינטערעס יעדע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונג.

דאַכט זיך, נאָר וועגן זיך האָט זי געשריבן. וועגן א י ר קראַנקהייט האָבן געזונגען אירע לידער. וועגן א י ר איינזאַמקייט און אומעט, וועגן בענקשאַפט צום געליבטן, יוגנט־זכרונות, א י ר שטרעבן צו אַרבעט, וועגן א י ר ביטערן גורל און א י ר ווידערשטאַנד קעגן אים.

און שירת ה י ח י ד איז געוואָרן נחלת ה ר ב י ם. אָן מליצות, פּשוטע אמתדיקע אויסדרוקן, נישט אויסגעדראָשענע און און נישט געקינצלטע. אַן אייגנאַרטיק העברעאיש וואָרט, וואָס ציט פון די אוראַלטע וואָרצלען. רחל האָט נישט נאָר ליב געהאַט דעם תנ״ך — זי האָט אים דורכגעלעבט. פון אים שעפּט זי די געשטאַלטן און די פאַרגלייכן.

---

ווייניקע האָבן געקענט רחלן פּערזענלעך, אָבער אירע לידער האָבן פילע ליב געהאַט. אירע לידער זיינען געדרוקט געוואָרן אין דער ליטעראַרישער ביילאַגע פון „דבר“. אַ ליד אויף שבת, אַ מתנה אויף יום טוב.

נאָך ביי איר לעבן זיינען דערשינען אין פאַרלאַג פון „דבר“ צוויי זאַמלונגען פון אירע לידער: „ספיח“ („נאָכוווקס“) — 1927 און „מנגד“ — 1930. די דריטע זאַמלונג „נבו“ איז דערשינען שוין

נאָך איר טויט, אין יאָר 1932. אין 1935 זיינען דערשינען דאָס ערשטע מאָל אין איין באַנד — „שירת רחל“ — אַלע אירע לידער און אויך אירע איבערזעצונגען פון אַנדערע דיכטער. אין דער צווייטער אויפלאַגע, אין יאָר 1939, זיינען געדרוקט געוואָרן אויך אירע דערציילונגען.

אין יידיש זיינען אייניקע פון אירע לידער פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַמעריקע, אין „צוקונפט“ אין דער איבערזעצונג פון אַ. ליעסין און ז. ר. און אינעם זאַמל בוך „וואָס אַרבעטערינס דערציילן“, אַרויסגעגעבן פון דער פּיאָנערן־פרויען־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. אין יאָר 1932 איז דערשינען די ערשטע אויפלאַגע פון דעם זאַמל בוך אַרויסגעגעבן דורך דער זעלבער אָרגאַניזאַציע.

---

אַ גרינע לעבעדיקע מצבה אין איר אָנדענק איז דער „ג ן ־ ר ח ל“. אויפן זעלבן שטיקל באָדן, וואָס רחל האָט באַ־אַרבעט אין אירע גוטע טעג אין כנרת, האָבן חברים פאַרפלאַנצט אַ טייטל־גאָרטן. אַ פיינער פּאַסיקער אָנדענק, וואָס קערט אויך צוריק צום לאַנד איינעם פון אירע אַמאָליקע פּירות, וועלכער איז שוין לאַנג אין לאַנד נישט געוואַקסן.

ברכה חבס.

ארץ־ישראל.

## „ספיח“

ניט געאַקערט, ניט געזײט,
און קיין רעגן ניט באַגערט,
פּלוצלונג, זע — אַ שפּע שטייט,
קאָרנפעלד אויף זוניק ערד.

אפשר קומען מיר אַנטקעגן
רעשטלעך פון אַן אַלטן שניט?
אויף געהיימניספולע וועגן
טרייסטן איצט מײן שווער געמיט?

זייט געבענטשט, איר פעלדער־וווּנדער,
וואַקסט און בליט, געזונט און פריש.
איך געדענק די טרייסט פון נביא:
„ס'וועט זיין ספיח און סחיש“.

* * *

אַ פֿאַרשפּעטיקטע געקומען און אַריין איז זי פֿאַרשעמט,
האָט אַפֿילו „אַט־אָ בין איך!" שטאָלץ אַ רוף טאָן
ניט געקענט.

מיט אַן אומעט אין די אויגן, אַ דערשלאָגענע,
פֿאַרקלעמט,
ווי אַ בעטלערן געשטאַנען, שטיל דערלאַנגט מיר
ביידע הענט.

האָב איך ליכט איר אָנגעצונדן — איז אַ בלאַסער
זייער שיין,
ווי ס׳איז בלאַס אַ שפּעטער שטערן אינעם גרויען
האַרבסט ביינאַכט.
און מיין שמחה איז אַ שטילע, פֿול מיט ווייטאָג
און מיט פּיין,
ווי פֿון אַ האָפֿענונג אַ פֿאַלשער אָפּגענאַרט און
אויסגעלאַכט.



מיר זיינען דאָך אַרויס אַ סך
פֿריילעכע אויף ווייטע וועגן,
מיר זיינען דאָך אַרויס אַ סך
אונדזער קעניגין אַנטקעגן.

זיינען איינער נאָכן צווייטן
מיר געוואָרן, אומגעקומען,
זיינען איינער נאָכן צווייטן
אַוועק און ניט צוריקגעקומען.

זאָלסטו אויך אַוועקגיין —
בלייב איך עלנט אין דער וועלט;
זאָלסטו אויך אַוועקגיין —
ווער וועט שיצן מיין געצעלט?

זאָלסטו אויך פֿאַרשטומען,
קוואַל מיינס, איינציקער אַליין,
זאָלסטו אויך פֿאַרשטומען —
וועל איך דאַן פֿון דורשט פֿאַרגיין.

# אין גאָרטן

צו גיזא.

ס'איז ראָז די וועלט און בלוי און גוט
אין אַן אלולדיק פאַרטאָג.
אפשר זיך פון שטויב אויפהויבן,
אָנהויבן אין מאָרגן גלויבן?
פרום אַ קוש געבן די רוט,
אָננעמען דעם גזר פאַר גוט?

צווישן בייטן, צווישן גראָבנס קומט אַ מיידל פון דערביי,
דער קראַן ברויזט פריי.
שפריצט זי לעבן אומעטום.
קומט פון דורשט קיין גראָז ניט אום —
אַלץ דערזען און אַלץ באַוואָרנט.
אפשר שענקען גאָט זיין צאָרן,
אפשר אָנהויבן פון ס'ניי?

# קראַנקערהייט.

### א.

אַריינשרויפן אין פינצטער שרייענדיקע אויגן.
אויסשטרעקן אין פוסטקייט בענקענדיקע הענט,
אויפהאָרכן אין ציטער ווען ווי אַ בלאַט געפלויגן,
און וואַרטן אויף אַ וווּנדער, אַ ווינק פון שטומע ווענט.

און זיבן מאָל פאַרצווייפלען און זיבן מאָל צו גלויבן,
אין טרייסטן אין געהיימע ווידער שעפּן מוט,
זינקען און פאַרגעסן און פּלוצלונג זיך אויפהויבן
און שילטן דעם גזר־דין און אים אָננעמען פאַר גוט.

און אין זכרונות אַלטע, זוכן רו געניסן,
אין זייער אָנריר־ליב, אין זייער מילדן שיין,
שכור זיין פון ווייטאָג און פון זיין רייץ דעם זיסן,
און צאַפּלען זיך אין טרערן ביזן טאָג אַריין.

## ב.

אויגן — לעכער, הויט און ביינער,
קומט און זעצט זיך אויף מיין בעט.
אַ מין אָנזאָגער אַזוינער —
אַ שטאַפּעט.

ווייס איך: יענער אַלטער בריקל
וועלכער פירט די צייט אַריין
פונעם נעכטן צו דעם מאָרגן,
ב״עכט איצט איין.

ער הויבט אויף אַ דין קולאַקל,
בייז צעלאַכט זיך אויף אַ קול:
אָט דאָס זינגסטו איצט דיין לידל
שוין צום לעצטן מאָל!

ג.

ביזטו עס דער סוף? ס'איז די לופט דאָך נאָך קלאָר.
עס ווינקען נאָך סודות פון לעבן וווהין,
דער הימל איז בלוי און די גראָז איז נאָך גרין,
ס'איז זומער נאָך גאָר.

זאָל זיין אַזוי. ניט איך קלאָג, ניט איך פרעג.
כ'האָב שיינע פאַרנאַכטן געהאַט און פאַרטאָגן,
און ס'האָבן מיר בלומען אַ שמייכל געטראָגן
פון בײדע זייט וועג.

ד.

ווי עס פרעסט מיר דאָס האַרץ אין די שלאָפלאָזע נעכט,
ווי ס׳איז שווער מיר דער יאָך אין די נעכט אָן
א שלאָף.
זאָל איך שטרעקן די האַנט און צערייסן די באַנד,
איין רים טאָן די באַנד און אַ סוף ?

אָבער ליכטיק ווערט פרי. ס׳קלאַפּט דער מאָרגן
מיר אָן
אין מיין פענצטער שטיל, העל און זייבער ביז גאָר.
ניין, איך שטרעק ניט די האַנט, ניין איך רייס ניט
די באַנד
נאָך אַ ווײַלע מיין האַרץ, נאָך אַ האָר.

ה.

נעם מיין האַנט אין דיינעביידע גוטע הענט
דו, ברודער מיין.
מיר ווייסן ביידע: עס וועט די געשטורמטע שיף
אין האַפן ניט אַריין.

טרייסט מיר, איינציקער, מיט גוטע רייד,
ס'איז ביטער מיר.
מיר ווייסן ביידע: עס וועט דאָס פאַרבלאָנדזשעטע
קינד
ניט זען דער מאַמעס טיר.

# דער ווידערקול

צו זלמן.

איך געדענק ווי איצט: ווי פעלזן ווענט
געשטאַנען זיינען בערג אָן ענד.
איך טו אַ דונער איבער טאָל:
„הידד. די יוגנט לעבן זאָל!"
ענטפערט אָפּ אַ ווידערקול.

זיינען יאָרן שוין פאַרביי
הויך איז טאָל. און גינגאָלד — בליי.
נאָר פון בערג דעם ריינעם קול,
פון בערג דעם קול, היינט ווי אַמאָל,
געדענק איך טריי.

ווייל דעם, וואָס פאַר דער צייט פון קוואַל
אָפּגעשפּאָרט האָט פון אַמאָל
כאָטש נאָר אַ בילד און כאָטש אַ שאַל,
און כאָטש אַ שאָטן פון אַ שטראַל,
און כאָטש אַ קול!

# רויק גליק

זוניק בערגל,
איך און דו,
און אין האַרצן
גליק פון רו.

האַלבע פאַרבן, האַלבער קלאַנג.
קיין געריד און קיין פאַרלאַנג!

גלעט אין רו
מיין גלאַטע האָר,
זע און הער
און ווער געוואָר:
איך און דו,
גליק פון רו,
היילונג נאָר.

# שמחהלעך קליינינקע...

שמחהלעך קליינינקע, פריידעלעך פּענעצלעך:
אַ שנירעלע ים צווישן הייזער פון שטיין,
אַ גלאַנץ פון אַ שויב ביי אַ זון־אונטערגיין.
זייט מיר אַלע געבענטשט.

זייט מיר אַלע געבענטשט, אַלע זינגט איר מיר טרייסט,
אומעטום זיינען פונקען געהיימע פאַרשפּרייט,
און עס טויג יעדער שנור פּאַר געפּערלטע רייד, —
ווי דאָס האַרץ איז נאָר גרויס.

# מיין נייער צימער

הידד, מיין נייער צימער, פונקט אַנטקעגן ים,
צוואַנציק מעטער העכער איבער ברוק און שטיין.
ווינט פון אַלע זייטן,
פייערלעך פון ווייטן,
גליקלעך איין־אַליין.

איצטער פרוּווט אייך רייצן, צרות גרינג און שווער,
טוט אייך וואָס איר טוט.
ניט איך הער אייך איצטער, ניט איך זע אייך מער,
מיר איז גוט.

* * *

דו ווייטער, דו מיינער, צי הערסטו מיין שטים,
צי הערסטו מיין שטים ווו דו ביסט?
ווי זי רופט אין דער הויך, ווי זי וויינט אין דער שטיל,
ווי זי גריסט דיך פון ווייטן און גריסט.

ס'איז אַ גרויסע די וועלט און האָט וועגן אַ סך,
צוזאַמען אַ ווייל און אויף אייביק צעשיידט.
געפינט ניט דער מענטש דאָס פאַרלאָרענע זיינס,
אומזיסט וואָס ער זוכט און אומזיסט וואָס ער גייט.

איז אפשר ניט ווייט שוין דער סוף פון מיין טאָג,
ניט פיל שוין צום אָפּשייד געבליבן?
וועל איך וואַרטן אויף דיר ביז דער לעצטער מינוט'
ווי ס'האָט רחל געוואַרט אויף איר ליבן.

* * *

אָט פאַרשטומט שוין איצט אויך דער לעצטער קלאַנג...
ס'בלייבט שוין גאָרנישט מער פון די אוצרות־אַלט.
איצט איז פוסט דאָס האַרץ, אָרעם איצט און באַנג,
איצט איז קאַלט.

ווי זשע לעבט מען איצט? ווי זשע האַלט מען אויס?
אַלדאָס שרעק און בייז פון דער נאָנט און ווייט,
אָן דעם פליגל־שוץ, אָן דער מאַמעס שויס
פון פאַרגאַנגענהייט?

# פֿרילינג

צו שרה.

האָב איך פֿאַרגעסן די לאָדן צו שליסן,
האָב איך די טיר ניט פֿאַרמאַכט אַזוי גוט?
ער האָט עס דערשפּירט און אַריין־זיך געריסן,
צעזונגען, צעקלונגען, צעשטורעמט דאָס בלוט.

איך אַזאַ שטילע און דו אַזאַ הייסער,
אַ רויטער, פֿאַרשייטער, ווי קומסטו צו מיר?
געזאַמלט אַן אוצר אַ ווינטער אַ גרויסן,
ווי זאָל איך אים איצטער באַהאַלטן פֿון דיר?

זאָל איך זיין ברוגז און ווערן אין כעס?
זאָל איך אין צאָרן דיר ווייזן דעם וועג?
אָדער — פֿאַרשווייגן דיר דאָס מאָל, נאָר דאָס מאָל,
דעם היינטיקן מאָל נאָר... און נאָכדעם אַן עק.

* * *

צום אָנדענק פֿון בנימין קווינט
און אליעזר פּאַקטאָרי

אָט אַזעלכע שטאַרבן פֿרילינג,
איך ווייס עס קלאָר.

דאָס לעבן ברויזט, דאָס לעבן זינגט
אין אַ טויזנטפֿאַכן כאָר;
אָפּגעדעקטע ווערן פּלוצלונג
אַלע וועגן דאַן געשווינד;
ס'איז דער מענטש אין גליק דאַן זיכער,
ריין און לויטער ווי אַ קינד;
יעדע משא ווערט דאַן גרינגער,
איבער יעדן תהום — אַ בריק.

אָט אַזעלכע שטאַרבן פֿרילינג.
איז עס אומגליק אָדער גליק?

# בונט

ווי אַ הון אין שוחטס האַנט צאַפּל איצטער זיך ביי מיר,
וויסטע גאוה מיינע!
איך האָב איצט פאַרשטאָפּט דיין מויל,
פּעסט געבונדן דיך אין קנויל,
און איך לאַך איצט פון דיין שאַנד:
כ׳האָב דיך אין האַנט.
אָט דאָס צאָלסטו פאַר די בלומען
וואָס דו האָסט צעטראָטן מיר,
פאַר דער פרייד וואָס אומגעקומען
פון די צוימען ביי מיין טיר,
פאַר מיין רעגנבויגן־גליק
וואָס דו האָסט פאַרטונקלט מיר.
איצט, געפּענטעט, ליג און שטום,
אין דיין ווינקל ביז איך קום —
פון אים צוריק!

# וואָרט

איך קען אויך געפּוצטע ווערטער
און מליצות אָן אַ ברעג,
וועלכע שפּרייזן אום אין גאוה
און זיי וואַרפן אָן אַ שרעק.

אָבער ליב האָב איך דאָס וואָרט נאָר,
וואָס איז ערלעך ווי אַ קינד,
און ווי ערד איז עס באַשיידן —
על כן שווייג איך גאָר אַצינד.

ווערסטו אויך אין שטילקייט הערן
מיינע פּראָסטע ווערטער היינט?
ווערסט זיי היטן ווי אַ מאַמע,
ווי אַ ברודער, ווי אַ פריינט?

# איך קלאָג זיך ניט

איך קלאָג זיך ניט. אין ענגסטן שטיבל
בענקט זיך זים נאָך ווייטקייט־ברייט.
עס האָט דער אומעטיקסטער האַרבסט־טאָג
גאָלד אַ סך און פּורפּור־רויט.

איך קלאָג זיך ניט. עס פליסט אַ ליד
פון אַ ווונד פון ליבעס־ווייִ.
און מדבר־זאַמד ווי גראָז זיך ציט
באַרג אַראָפּ, פון שפּיץ נבו.

# גערא‍ַנגל

אָ, ווײ איז מיר, די תאוה שטאַרקט זיך,
די האַנט זי ציט זיך פון אַליין
צו די ווערטער וועלכע פינקלען
ווי בריליאַנט און אײדל־שטײן.

און זײ ווײסן זײער כח,
און דערפילן דעם פאַרלאַנג, —
בלענדעט מיר דאָס אויג פון העלקײט,
הילכט־דער אויער פון געקלאַנג.

הער איך אויף שוין צו פאַרנעמען
מאָרגן־שײן און שטילן ווײ, —
כ'האָב דאָך מורא צו זײן געשוואָרן
דעם וואָרט וואָס פראָסט איז ווי געשרײ?!

# רחל

מיר דאַבט זיך, עס פליסט נאָך איר בלוט אין מיין בלוט,
אין מיין קול זינגט איר קול מסתמא,
רחל — געפּאַשעט ביי לבן די שאָף,
רחל — פון מאַמעס די מאַמע.

דעריבער איז ענג מיר די שטוב נאָך אַצינד,
די שטאָט איז מיר פרעמד נאָך געבליבן,
ווייל ס׳האָט נאָך פאַרצייטן פון מדבר דער ווינט
איר קלייד איבער פעלדער געטריבן.

דעריבער איז איצט נאָך מיין וועג אַזוי פריי,
דעריבער איז זיכער מיין שפּאַן;
ווייל ס׳היט נאָך מיין פוס די זכרונות געטריי
פון דאַן אָן, פון דאַן.

# אַ בייזער חלום

מען פירט מיך צו סקילה. עס זיצן דיינים,
און שאָקלען די קעפּ־צו פאַרטראַכט.
„אַ קללה צו דעם וואָס האָט מענטשלעכע הערצער
זינדיק געמאַכט!"

ברענען אין זאַמד מיינע באָרוועסע פיס,
אָט באַלד קום איך אום.
בלייבן זיך דערנער פון צאַברעס ביים וועג,
דער הימל איז שטום.

גיי איך און גיי און איך טו זיך אַ קער
און קוק אַלץ אַהין,
טאָמער הויבט אויף דאָרט זיין קלייד יענער מאַן
אויפן שוועל פון בית־דין?

# דער בשורה־טאָג

וארבעה אנשים היו מצורעים
פתח השער — — — ויאמרו
איש אל רעהו — — היום
הזה יום בשורה הוא.

(מלכים ב׳ ז,—ג, ט)

פאַרצייטן איז שומרון געוועזן באַלאַגערט
פון גרויזאַמען שונא אין שלאַכט.
האָבן פיר מצורעים די גליקלעכע בשורה
פון פרייהייט צו שומרון געבראַכט.

ווי שומרון באַלאַגערט די וועלט איז די גאַנצע,
אַ הונגער — ניט איבערצוטראָגן,
איך אָבער וויל ניט אַ קרעציקער זאָל אונדז
די בשורה פון גאולה אָנזאָגן.

אַ ריינער זאָל קומען און זאָל אונדז באַפרייען,
און טאָמער האָט ער ניט די גבורה —
ליבער שוין פאַל איך ביים שונא אין שלאַכט
ערב דעם טאָג פון דער בשורה.

# אָט־אָ דאָ אויף דער ערד...

צו מ. ב.

אָט־אָ דאָ אויף דער ערד — ניט אין וואָלקנס אין שיינע,
אָט דאָ, אויף דער אייגענער, היימישער ערד;
איר אומעט צו ליידן, אין אירע פרייד קליינע
זאָל אונדז זיין די שמחה באַשערט.

ניט אין נעפּלען פון מאָרגן—דער היינט דער געלעבטער,
דער פּעסטער דער הייסער, די קורצינקע שעה;
דער היינטיקער טאָג, וואָס פון בלוט איז געוועבט ער
אויף אונדזערער ערד — אָט־אָ דאָ.

איידער ס'ווערט נאַכט — קומט זשע אַלע, קומט אַלע,
פאַראייניקט. עקשנותדיק, מונטער דער פּראַל!
ניט שוין וועלן טויזנטער אָרעמס ניט קענען
אַראָפּקייקלען ענדלעך דעם שטיין פונעם קוואַל?

# כנרת

שטרעקסטו נאָר די האַנט אויס — און דער גולן קרייז
שווייגנדיק און זיבער שטעלט כנרת אָפּ.
לויכטנדיק שלאָפט איינזאַם דער הר־חרמון־גרייז,
שלאָגט אַ שטילע קאַלטקייט פון זיין ווייסן קאָפּ.

וואַקסט זיך אויפן ברעג דאָרט אַ קליין טייטל־בוים,
ווי אַ חדר־יינגל מיט געקרויזטע האָר,
וואָס האָט זיך פאַרגנבעט באָדן זיך געהיים,
שווענקט ער איצט אין וואַסער זיינע קנעכלעך נאָר.

ווימלט עס פון בלומען אויפן קעראַק ווינטער,
פון דעם מאָן די רויטקייט און פון שאַפראַן־געל.
ס׳טרעפט — און ס׳ווערט זיין גרינקייט זיבנפאַך
צעגרינטער,
זיבציקפאַך העלבלויער ס׳הימל־בלוי־און־העל.

און ווען עס זאָל מיין האַרצן אויסלעשן אין טרערן
און אין דריי געבויגן זאָל מיין רוקן זיין, —
וועל איך דען דיר דענסמאָל אומטריי קענען ווערן,
דיך פאַרגעסן קענען, יוגנט־ליבע מיין?

# מײַן לאַנד

איך האָב דיך, לאַנד מײַנס, ניט באַזונגען
און דײַן נאָמען ניט באַשײַנט.
מיט קײן גבורות און נצחונות
דײַנע שלאַכטן ניט געקרוינט;
בלויז אַ בוים, מײַן האַנט געפלאַנצט האָט
אויפֿן ירדנס שטילן ברעג,
בלויז אין פֿעלדער אויסגעטראָטן
האָט מײַן פֿוס אַ שמאָלן שטעג.

ס'איז אַן אָרעמע מתנה —
יאָ, איך װײס עס, מאַמע לאַנד,
גאָר אַן אָרעמע מתנה
האָט געבראַכט דײַן טאָכטערס האַנט;
בלויז אַ יובל־שרײַ פֿון שמחה
װען עס טוט דײַן טאָג אַ שײַן,
בלויז אַ שטיל פֿאַרשטיקטן װײנען
אויף דײַן פּײַן.

# פאַרוואַנדלונג

אָט דאָס לײַדנדע האַרץ
אָט דער שמאַכטנדער גוף,
וועקן זיך צעשיטן אין זעמדלעך מיליאָנען
פון ערדישע כחות וואָס שפּריי־רעגן מאָנען
און רײַסן זיך פרײלעך אַרויף.

בענטשט דער ערשטער רעגן, וועל איך ווײַט
זיך שטרעקן
דורך די שפּאַלטן פון מײַן ארון,
און אין מענטשנס־אויגן מאַטע
קוקן פון די פעלדער זאַטע
מיט מײַנע אויגן — קאָרן.

# אויב באַשערט האָט מיר דער גורל

אויב באַשערט האָט מיר דער גורל
לעבן ווייט פון דיין געצעלט,
לאָז, כנרת, לאָז מיך רוען
אויף דיין בית־הקברות־פעלד.

אין זיין איינוויגנדן אומעט
הערשט קיין טויטע שטילקייט ניט,
ווען עס הילכט פון וועג אַריבער
מונטערע־הויך אַן אַרבעטס־ליד.

און דער אָנדענק פון זיין עולם
איז פאַרפלאָכטן נאָך אין באַנד,
און אַ בוימל — אַ מצבה
בענטשט פון אויבן ווי אַ האַנט.

אויב באַשערט האָט מיר דער גורל
לעבן ווייט פון דיין געצעלט —
וועל איך קומען שוין, כנרת,
רוען אויף דיין קברות־פעלד.

# אפשר איז די גאַנצע זאַך אַ ליגן?

אפשר איז די גאַנצע זאַך אַ ליגן?
ווער ווייס?
אפשר האָב איך גאָר זיך ניט געפעדערט,
באַאַרבעטן דעם גאָרטן מיט מיין שווייס?

אפשר אין די לאַנגע הייסע שניט־טעג
האָט גאָר קיינמאָל,
אויבן, אויף אַ וואָגן פול מיט סנאָפּעס,
ניט געקלונגען הויך מיין קול?

אפשר האָב איך גאָר זיך ניט גערייניקט
אינעם ווייסן שוים
פון בלוי כנרת... אָ, כנרת מיין,
ביסטו אין וואָר געווען, אָדער גאָר אין טרוים?

# אָפּגעשיידט

איך געדענק, פון קינדווייז אָן
האָט אַ טרויער מיך באַגלייט,
אין אבלות אָנגעטאָן
בין געווען איך אָפּגעשיידט.

זיינען יאָרן שוין פאַרביי,
איך בין לאַנג קיין קינד ניט מער,
נאָר דער אומעט איז מיר טריי
און דער צייכן אַלץ נאָך דער.

צווישן מיר און אַלעמען
שטייט נאָך אַלץ די אַלטע וואַנט.
איצטער איז מיין האַרצן גאָר
יתומדיק, אין שוואַרץ געוואַנט.

## נעכטיקע טעג...

ס'איז דער טאָג נאָך ניט טויט, ס'איז דער הימל
נאָך רויט,
אַ פאַרנאַכטיקע שטילקייט איז פרוכטלאָז פאַרשפּרייט.
פאַר מעשהלעך פוסטע די ריכטיקסטע צייט:
„אַמאָל איז געוועזן אַ מיידעלע ווייט...

„אַמאָל איז געוועזן אַ מיידל אַ בריאה,
געאיילט נאָכן אַקער, די האַנט פול מיט זריעה..."
ניטאָ שוין די צייטן, די וועגן צום פעלד
האָט דער גורל אויף אייביק, אויף אייביק פאַרשטעלט.

האָט דער גורל פאַרשטעלט, נאָך אַ ווייל און ס'איז אויס.
פון אַלע פיר זייטן אַ שטורעם ברעכט אויס..."
— הער אויף שוין, דו אומעט, זאָל נעמען אַ ברעג
צו מעשהלעך פוסטע, פון נעכטיקע טעג.

# אַנטקעגן

דאָס האַרץ איז וואַך, דער אויער לווישט:
„ר׳איז דאָ ? ער׳ט זיין ?"
אין יעדן וואַרטן איז פאַראַן
פון נבו דער פיין.

יעדער טייך האָט ברעגן צוויי
פון ביידע זייט.
האַרט ווי פעלז איז דער באַפעל:
אייביק ווייט:

הויב אויף דיין אויג און זע אַנטקעגן,
אַהין — דער וועג פאַרשטעלט;
יעדער מענטש האָט זיין נבו
ערגעץ אין דער וועלט.

# מיכל

ותאהב מיכל בת שאול את דוד
— — ותבז לו בלבה.
(שמואל א׳ יח; ב׳ ו.)

מיכל, שוועסטער ווייטע! ס׳ציט זיך נאָך דער שנור.
אין דיין אומעט־גאָרטן שאַלטעט נים די צייט.
אויף דיין קלייד פון זיידנס גלאַנצט נאָך דער פורפור
פון דיינע גאָלד־בראַסלעטן הילכט דער קלאַנג
נאָך וויים.

אָפט האָב איך געזען דיך ביי דעם פענצטער שטיין.
דיינע אויגן קוקן גאוהדיק און ווייך.
מיכל, שוועסטער ווייטע! רו ביסט נים אַליין.
האַסן דעם געליבטן איז מיין גורל אויך.

## נאָכדעם

דאָס איז עס ? דאָס גאָר ?
דערצו זאָלן אויגן זיך טראָגן פאַרשמאַכט
און דורשטיקע ליפּן זיך ציען ?
דערמיט זאָל זיך דאָס האַרץ צעגליען
אין דער קאַלטקייט פון ביינאַכט ?
צוליב דעם פון גאָט צו פליען
און אַראָפּוואַרפן זיין מאַכט ?
דאָס ? און מער ניט ?... מער ניט ?

* * *

קיין גואל ניט און אַזאַ קרוב מיר,
קיין ווייטער ניט און פֿאָרט מיר אַזוי פרעמד,
און ס'פֿאַרווונדערט און פֿאַרשעמט
יעדער ליבער ריר.

געדענקסט? אָן עולם ניט צום גרייכן,
איבער הויכע פרעמדע קעפּ,
גיט פון בליקן זיך אַ וועב
אַ בריק — אַ צייכן.

האָסט מיר ווי געטאָן — אויך דאָס איז גוט.
ליכטיקע שויבן האָט יעטווידער ווי
צים זיך מיין שטענגעלע איינזאַם אַזוי,
און מיין האַרץ רוט.



בייטאָג און ביינאַכט וועגן דיר און צו דיר,
וועגן דיר און צו דיר זינג איך שיר נאָך אַ שיר.
שטורעם און שטילקייט און פינצטער און שיין,
ווונדונג און היילונג און נחת און פיין.

עס טרעפט — און איך ווייס ניט צי הער איך
דיין רייד.
עס טרעפט און עס דאַכט זיך — אַ ריס איז
אין קיים.
אַ ווייל נאָר, און ווידער די לידער פון ס'ניי
וועגן דיר און צו דיר זינגען האַסנד און טריי!

וועגן דיר און צו דיר, וועגן דיר און צו דיר,
טויזנט די פידלען און איינציק דער שיר:
שטורעם און שטילקייט און פינצטער און שיין,
ווונדונג און היילונג און נחת און פיין.

# ע ק ר ה

אַ ייִנגעלע וויל איך, אַ זונעלע קליין,
מיט שוואַרצינקע לאָקן, מיט שכל און חן.
אים האַלטן ביים הענטל, פֿאַוואָלינקע פֿירן
אין גערטל שפּאַצירן,
אַ קינדעלע.
קליין.

כ'וועל רופֿן א'ם אורי, אורילע מיין.
צאַרט איז דער נאָמען און לויטער און פֿיין
ווי אַ טראָפּן פֿון שיין.
דער נאָמען פֿון שוואַרצינקן ייִנגעלע מיין,
„אורי"
וועט זיין.

איך וועל אויף אים וואַרטן ווי רחל די מאַמע,
ווי חנה אין שלה אים אויסבעטן שטום;
וואַרטן און בעטן:
קום!

# די פֿאַרעקשנטע האַנט...

די פֿאַרעקשנטע האַנט
קלאַפּט אַלץ און קלאַפּט אין פֿאַרריגלטער וואַנט.
די הויט אין שפּאַלטן,
אויפֿן ריגל, אויפֿן קאַלטן,
טריפֿט דאָס לעצטע ביסל בלוט.
קיין ענטפֿער ניט, קיין קלאַנג.
שהיות מאַכט די וועכטער לאַנג.
ער וועט פֿאַרזאַמען, וועט פֿאַרזאַמען
די געפֿערלעכע מינוט.
אויפֿן שוועל, ניט דערוואַרטערהייט,
וועל איך אַנידערפֿאַלן —
טויט.

## גיב נאָך מיר דיין טעכטערל אַ נאָמען

גיב נאָך מיר דיין טעכטערל אַ נאָמען,
אַן אָנדענק צו פאַרבינדן.
ס'איז אומעטיק אזוי אין גאַנצן צו פאַרשווינדן.

מיין פאַריתומדיקטן שיר,
וואָס פאַרשטומט פאַרנאַכט מיט מיר,
וועט זי ווייטער שפּינען־זינגען מאָרגן פרי.

און מיין פעדימל פון זייד
וועט זיך ווידער וועבן צו איר קינד און קינדס־קינד
ווייט־ווייט־ווייט.

# אַ מתּנה

זיך איך אויס אין האַרצן
פון דאָס שענסטע בעסטע,
פּאַק צונויף צוזאַמען
אַ מתּנה דיר, —
וואָס דער שוואַרצער טרויער,
וואָס דער בייזער צאָרן
האָבן ניט באַוויזן
אויסראָטן אין מיר.
הויב איך אָן צו לייגן
טייערע אַנטיקלעך,
אוצרות אָפּגעשפּאָרטע
פון כּנרת־צייט:
רויטלעכע באַגינענס,
גילדערנע בייטאָגן.
ליליען־שיין אין אָוונט
אויפן גולן ווייט.
פעלט מיר אויס אַ שנירל—
נעם איך יענעם גליק־רוף,
אויסגעשאַלט אין יובל
און אין פרייַ געמיט;
בינד צונויף צוזאַמען,
שיק עס דיר אַריבער.
ענטפער מיר, מיין ליבער,
פרייסטו זיך, צי ניט?



בלויז וועגן זיך האָב איך שטענדיק דערציילט —
ווי אַ מילבעלעס וועלט איז מיין וועלטעלע קליין.
ווי אַ מילב שלעפּ אויך איך אויף מיין רוקן אַ לאַסט,
איז גרעסער איר משא פון מיר גאָר אליין.

און אַזוי ווי די מילב אַזוי קלעטער אויך איך
פון אונטן אַרויף — מיט יסורים און ברען.
ביז עס טוט זיך אַ וויצל אַ ריזיקע האַנט
און וואַרפט מיך צוריק, גלייך ווי גאָרניט געווען.

אָ, דער אייביקער שרעק פאַר דער ריזיקער האַנט.
ער האָט עס פאַרטרויערט, פאַרקרימט מיינע וועגן.
טאָ וואָס־זשע האָט איר מיר גערייצט און גענאַרט,
פייערלעך וויטע פאַרצייבערטע ברעגן?

* * *

ימחץ וידמן תרפנה.

(איוב ה, יח)

און אויב די האַנט, וואָס האָט פאַרוואונדעט
האָט מיין וווּנד מיר ניט געהיילט —
אויך קיין בייז ניט. כ'ליב דעם ווייטאָג.
איך אַליין האָב אים געוויילט.

איך ליב דעם ווייטאָג. דעם וואָס רייניקט,
וואָס מאַכט פרוכטבאַר, שטאַרק און רייך.
ווי דער אַקער איז זיין חלף,
זיינע טרערן — רעגן גלייך.

טרויער־שייער, ניט געדאהגעט!
ס'וואַקסט אַ פעלד אין אומעט אויך.
ס'האָט די האַנט מיך בלויז פאַרוואונדעט,
נו, איז וואָס? מיין לוין איז הויך.

* * *

אינעם גאָרטן פון מיין האַרצן
האָב איך דיך פאַרפלאַנצט אַמאָל.
וואַקסטו איצטער אין מיר דאָרטן,
צווייגן, וואָרצל׳ען אָן אַ צאָל.

פון פרימאָרגן ביז אין אָוונט
ווייס מיין גאָרטן ניט קיין רו.
דאָס צעזינגען זיך עס דאָרטן
דיינע פייגעלעך און דו.

* * *

מײַן האַרץ איז טרײַ. טרײַ און געטרײַ
פֿאַלן אין אָסיען די בלעטער אַראָפּ,
שרעקן אים װינטן און קעלטן ניט אָפּ.
שטאַרקער פֿאַר זײ איז די האַרטקײט פֿון גנאָד.
אײביק געטרײַ, בלײַט עס פֿון ס'נײַ,
װײס עס, דו װײַטער, מײַן האַרץ איז טרײַ.

* * *

דו ביסט ווי געווען, און אַזאַ — אַלעמאָל:
פאַרשלאָסן און אָפן און נאָנט מיר און פרעמד:
דו ביסט ווי אַ ווונד אין מיין האַרצן פאַרקלעמט,
וואָס בלוטיקט און פינקלט און זינגט אויף אַ קול.
אָ הער דאָך, אָ הער צו דער שטימע וואָס שאַלט!
צו דיר, וועגן דיר און פון דיר — אָן אַ האַלט...

* * *

איך האָב זיך אויסגעזונגען שוין ביז גאָר,
ווי אַ ווײַנטרויבל – אין קעלטער שוין פֿאַרקערט.
איצט שווייג איך נאָר.
ווײסטו מײַן שטומקייט הערן,
און דו האָסט דאָך מײַן ריידן ניט געהערט!

* * *

צעטראָגן, אין איילעניש, האָסטו באַרירט
מיין איינגעבויגענעם שטערן.
האָט פּלוצלונג אַ טרויער מיין האַרצן פֿאַרפּירט,
אַן אומעט אַ שווערער ביז טרערן.

איז טאַקע ניטאָ גאָר קיין טרייסט צו קיין פּיין,
קען קיינער צו קיינעם ניט גערן?
אַ מענטש צו אַ מענטשן מוז אויך טאַקע זיין,
ווי אויבן אַ שטערן צו שטערן?

* * *

שוואַרצקייט, בלויקייט, פאָרן, פירן —
מיינע נעכט און מיינע טעג.
איך בין מיד. איך קני דעם קעמל,
איך וויל רוען דאָ ביים ברעג.

איך גיב אַ ווונק... און עס באַווייזט זיך,
ווי אַן אַלטער טרייער קנעכט,
די געשטאַלט, וואָס איז פאַרוועבט מיר
אין די טויזנט טעג און נעכט.

זיי מיר מוחל, פריינד, מיין צאָרן
און מיין אומעט און מיין בונט.
ס'האָט אונדז שוין אַן אַנדער טרויער
דורכגעלייטערט ביזן גרונט.

# חוני המעגל

חונים טרויריקער גורל
האָט מיר היינט דאָס האַרץ געגנאָגט:
„ס'האָט אים אימיצער באַגעגנט,
האָט אים שלום נים געזאָגט".

כ'איז דאָך שוין דער דור א נייער,
קען אים איצטער קיינער נים.
ווערט די איינזאַמקייט די שווערע
באַלד צעברעכן זיין געמיט.

אפשר בין איך אויך געשלאָפן
אין אַ מויער טיף פאַרבאָרגן?
גיי איך איצט אַרויס אין גאַס
זאָגט מיר קיינער נים „גוט־מאָרגן".

חלום איך, אַז ס'איז געוואָרן
פרעמד מיר חבר, פרעמד מיר פריינט.
חונים אומעטיקער שאָטן
האָט מיין וועג פאַרוואָלקנט היינט.

# אָט־אָ נעם איך דיינע אויגן

אָט־אָ נעם איך דיינע אויגן —
זייער אומעט, זייער פּיַין,
זייער הייליקן ווייכקייט,
זייער שפּילנדיקע שיַין, —
אָט־אָ נעם איך דיינע אויגן
און איך פּאַק אין ליד אַריַין.

# פאַרבן

דאָס צעאַקערטע פעלד איז שוואַרץ
און דאָס וואַסער — ליכטיק בלוי.
גרינט דאָס גיאָז ביים טאָל אין האַרץ
איינגעדעקט אין מאָרגן טוי.
נאָר דאָס פעלז־בלימל אַליין
רויטלט זיך אויף גרויען שטיין.

* * *

זע ווי מאָרנע: גראָד דיין צאָרן
און די האַרטע מוסר־רייד
האָבן ווידער ווי געבאָרן
אונדזער אַלטע צאַרטע פרייד.

מער שוין פירט ניט מאַן און ווייב דאָ
זייער אַלטן בייזן קריג.
ביסט אַ ברודערל געוואָרן,
אַ קליין זונעלע אין וויג.

* * *

און אַז קינדער איז וואָס? אָ, געבענטשט זאָל זײַן דער
וואָס מאַכט אונדז פֿאַרגעסן װי עלטער איז שווער.
ס'איז נאָך לאַנג אונדזער וועג, וועט נאָך צײַט זײַן גענוג
צו זײַן אַלט און פֿאַרדאַהגעט, דערוואַקסן און קלוג.

טאָ טאַקע ווי קינדער אין יונגינקע יאָרן.
וואָס פֿליקן די שמחות, ווי בלימלעך אין קאָרן,
וואָס ווייסן קיין סוף ניט, און ווײַנט אַמאָל ווער, —
צעלאַכט זיך די זון גאָר אין זייערס אַ טרער.

* * *

ווערטער קומען און פאַרלאַנגען:
„זיי אונדז אין דיין האַרצן איין,
וועסט נאָך זען — אַ פעלד פון זאַנגען
גינגאָלדענע וועט דאָ זיין.

וועט אַ בחור׳ל אַ יונגער
קומען קאָרן־בלומען קלייבן,
וועט אַ פוסגייער זיין הונגער
מיט דיין קערנדל פאַרטרייבן”.

אַקער בוייער, ווער ניט מיד,
זיי אין האַרץ ווי אין אַ בייט.
צו דעם יום־טוב פון מיין שניט
קומט באַלד אַלע — קינד און קייט!

# אַ פֿאַרנאַכטיקער ווינט...

אַ פֿאַרנאַכטיקער ווינט האָט אַ בלאָז געטאָן קאַלט.
אַ פֿאַרנאַכטיקער ווינט האָט געפּליסטערט:
„שוין, באַלד".

אָ, פֿאַרגיב מיר מיין טרויער. טראָג ווייטער די לאַסט
פֿון מיין ביטערן ליד, פֿון מיין אומעטיקן בליק,
און זיי אויך מיר ווייטער אַן אָנלען, אַ פֿעלז,
און זיי אויך מיר ווייטער אַ שיינענדער גליק.
ביז עס קומט אָן באַלד די פֿינצטערע נאַכט
און אַ פֿראָסטיקע האַנט מיינע אויגן פֿאַרמאַכט.

# מיינע טויטע

רק המתים לא ימותו...
י. ש. ק.

זיי אַליין נאָר בלייבן, נאָר אין זיי אַליין
קען דער טויט ניט וואַרפן זיין פאַרסמטן שטיין.

שיידן זיך די וועגן, קומט דער אָוונט שטום,
זאַמלען זיי זיך לאַנגזאַם, רינגלען מיך אַרום.

אונדזער בונד איז הייליק, קען צעשטערט ניט זיין,
וואָס איך האָב פאַרלאָרן — בלייבט אויף אייביק מיין.

# אינהאַלט: